פֿערלאַג „די וועלט".

# דער בּיודזשעט בּיי די חַיות.

פֿון י. פֿראנק.

(איבּערזעצט פֿון קליין-רוסישען)

פּרייז 2 קאָפּ'.

ווארשא.
דרוקעריי פֿון געזעלשאַפֿט „ישורון". פּאַנסקאַ 20
תרס"ו.

**Бюджетъ у звѣрей.**

Соч. И. Франкъ.

Типографія Издательства „Іешурунъ", Варшава, Панская 20.
1906.

ניט הינטער די הרי חשך, אויך ניט הינטערן סמבטיון, אָבער טאַקע אין אונז נאָהענטע לאַנד האָט אַ מאָל געלעבט און רעגיערט אַ שטאַרקער און אַ מעכטיגער קיסר, מיט'ן נאָמען „לייב" און מיט'ן צונאָמען „זאַטער — ניט קיין-הלעיטני". אַ גוטער איז געווען דער קיסר און אַ גערעכטיגער: קיינער האָט זיך אויף איהם קיינמאָל ניט געקלאָגט, און אויב אַנ'אַנדערש מאָל האָט ווער עס איז אַפילו יאָ געוואָלט האָבען די העזה צו מאַכען אַזאַ שריט, ס'הייסט צו קלאָגען זיך, האָט ער ניט בעוויזען אַפילו אַרומצוקוקען זיך, ווי ער איז שוין געוואָרען אַ בר-מנן און האָט געפונען זיין איביגע רוה אין די קייזערליכע ציינער. און געווען איז ער אַ קיסר איבער אַלע חיות, איבער אַלע בהמות, איבער אַלע פויגלען, און אַלע האָבען איהם געפאָלגט.

ס'איז נויטיג אייך צו זאָגען, אַז אין דער חיה'שער מלוכה איז שוין געווען פון לאַנג אָן אַזאַ מין קאָנסטיטוציע: קיין אונבעגרענעצטע מאַכט האָט קיינער ניט געהאַט, אָבער יעדערער האָט געפרעסען נאָר יענעם, ווען ער האָט געקענט חאַפּען, דערשטיקען, אַרומפליקען און אָבשינדען. פאַר'ן קיסר זענען אַלע געווען גלייך: ער, אַלס דער שטאַרקסטער, האָט געהאַט דאָס רעכט יעדען איינעם צו חאַפּען, ווערגען, אַרומפליקען, אָבשינדען און אויפעסען. פון איהם זענען אָבהענגיג געווען די קלענערע הערשער, די גובערנאַטאָרען, ווי למשל די בערען, די וועלף, און יעדערער פון זיי האָט געהאַט פונקט אַזאַ רעכט איבער דעם-יעניגען, ווער עס איז געווען קלענער פון זיי.

לאַנג אָדער קורץ האָבען די חיות געלעבט אונטער'ן שוטץ פון אַזאַ קאָנסטיטוציע — דאָס וועל איך אייך שוין ניט זאָגען. ס'קלעקט דאָס, וואָס עס איז אָנגעקומען אַ צייט, ווען זי האָט זיי אַזוי דערעסען, אַז זיי האָבען אַפילו דערוואַגט צו ווענדען

זיך צום קיסר — צום לײב - מיט דער פאָלגענדער בקשה:—
דורכלויכטיגסטער מאָנאַרך, שאַף אָב, פערניכטע די דאָזיגע
היגטישע קאָנסטיטוציע! אויב עס איז שוין אַמאָל גלייכבערעכ־
טיגונג, טאָ זאָל דאָס טאַקי זיין ווירקליך גלייכבערעכטיגונג,
דו ביזט אַ קיסר, און אַלע פערלאַנגען מיר צו זיין אונטער דיין
הערשאַפט, דו ביזט בײַ אונז אײנער,— עס, ווען דו ווילסט,
שינד, ווען דו ווילסט,— עס איז דיין גוטער ווילען. נאָר אויב
יעדער פון דיינע גובערנאַטאָרען וועט אויך האָבען אַזאַ אונ־
בעגרענעצטע רעכט, וועט פערלאַנגען מיט איהם זיך צו בענוצען
און וועט זאָגען, אַז ער איז אויך גלייכבערעכטיגט, אַז אין זיין
געגענד איז ער אַזאַ אונבעגרענעצטער פריץ, ווי דער קיסר אין'ם
גאַנצען לאַנד,— וועט דאָך דעמאָלט אונז, קליינוואַרג, אונז
שעפסען, הינער און האָזען, גאָר אונמעגליך זיין אַפילו אַ פרייען
זיפץ צו געבען, וועט דאָך דאַן אונז אויסקומען גאָר איינפאַך
דאָס לעבען צו פערשילטען!

דאָס מאָל איז זיין מאַיעסטעט, דער לײב, גראַדע געוועזען
זאַט און אין אַ גוטער שטימונג; ער האָט אויסגעהערט די רעדע
און געזאָגט:

— געוויס, מיינע טרייע אונטערטהאַנען, איהר זייט גע־
רעכט! איך זעה אַליין, אַז איך וועט דאָס לעבען ניט ניחא זיין,
אויב יעדער וואָלף און יעדער קאָרשון וועט האָבען דאָס רעכט
און די מעגליכקייט זיך צו דזעקעווען איבער אייך און זיך צו
באָדען אין אייער בלוט. זאָל זיין, קינדערלעך, ווי איהר זאָגט.
די איצטיגע קאָנסטיטוציע וועל איך פערניכטען און וועל אייך
געבען אַ נייע—אַזעלכע, אַז אַלע וועט איהר זיין גלייך פאַר'ן גע־
זעץ, אָבער דאָס געזעץ—דאָס בין איך, נאָר איך אײנער! איך
אַליין נאָר, קינדערלעך, וועל האָבען אויף אייך דאָס רעכט,
אָבער אַלע איבריגע זאָלען זיך זיצען שטיל און רוהיג, און זאָל
שוין אַמאָל אין דער גאַנצער מלוכה מיינער ווערען שלום און רוה!
קיינער זאָל זיך ניט אונטערשטעהן אויף עמיצען אָנצופאַלען,

אָדער פּייניגען און בעלייריגען; ווען אָבער ווער עס איז וועט האָבען די העזה אָבצוטהון אַזאַ פערברעכען, דאַן זאָלט איהר וואָס גיכער קומען צו מיר מיט אייער אָנקלאַגע, און איך וועל שוין בעשטראָפען דעם שולדיגען לויט דער גאַנצער שטרענגקייט פון'ם געזעץ!

די חיות האָבען זיך דערפרעהט, דערהערענדיג אַזעלכע חסדים פון זייער קיסר, און זענען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען יעדער אין זיין היים. און ניט אומזיסט איז געוועזען זייער שמחה. טאַקע באַלד האָט דער קיסר געהייסען איבער דאָס גאַנצע לאַנד מיט טראָמפּייטען און פּויקען פאַנאַנדערקלינגען אַ בעפעהל, אַז קיינער זאָל זיך ניט וואַגען עמיצען צו פּייניגען, צו שינדען און צו פרעסען און אַז עס זאָל אין דער גאַנצער מלוכה ווערען שלום, אחדות און רוה. אָבער מיט וואָס פאַר הערצער האָבען דערהערט וועגען דער דאָזיגער נייער קאָנסטיטוציע די בערען, די וועלף און אַלע אַנדערע בלוטדורשטיגע רויבער און מערדער! עס איז אינטערע־סאַנט געוועזען צו זעהן, וואָס פאַר אַ מהומה, וואָס פאַר אַ גוואַלד ס'האָט זיך אויפגעהויבען צווישען זיי, אַזאַ שרעקליכעס ברומען און אַזאַ גיהנם־געפּילדער האָט זיך אויפגעהויבען אין אַלע גע־דיכטע וועלדער, אין אַלע פינסטערע העלען, אַז... גאָט זאָל שומר ומציל זיין!... און דערנאָך... דערנאָך האָבען זיי זיך אַלע צונויפגעשמעקט און מיט'ן גאַנצען אימפּעט אַ לאָז געטהון זיך גלייך צום קיסר. זיי האָבען אַרומגערינגעלט זיין רעזידענץ־שטאָדט, פּונקט ווי אַ פינסטערער וואָלקען, און אָנגעמאַכט אַזאַ ליאַרם, אַז דער לייב האָט פערגעסען, וואָס פאַר אַ טאָג ס'איז היינט און וואו ער איז אין דער וועלט. בעזאָנדערס האָבען געקלאָגט און געיאָמערט די וואָלפישע ווייבער: „ווינד איז אונז, וועה אי' אונז! וואָס וועלען דאָס איצט אונזערע קינדערלעך געבען עסען? מיט וואָס וועלען מיר דאָס איצט אונזערע וועלפעלעך דערנעהרען? גראָז וועלען זיי איצט אפשר נעהמען עסען? אָדער קאָרע גריזען פון די בוימער? וואָלטען מיר חאָטש, ערוואַרטענדיג אַזאַ גרויסע

צרה, קרויט צײַט געהאַט אײַנצוזײַערן! הײַנט ווידער וואָס פֿאַר אַ ווערדע האָט עס קרויט אָהן געזאַלצענע פֿלײש! אוי־אוי, פֿינ־סטער איז אונז, ביטער איז אונז! גרויסער שלים־מזל אונזערער!״

ער האָט געהערט, דער קיסר־לײב, אָט דעם געוואַלדיגען ליאַרם און דאָס ווילדע קלאָגען, געהערט—געהערט, און מיט אַמאָל ווערט ער דאָס צוקאָכט, דערלאַנגט דאָס אַ קריץ און קנאַק מיט די צײנער, גיט דאָס אַ מאַך און אַ פֿאָך מיט׳ן עק און דער־לאַנגט אַ ברום מיט זײַן געזונדבי׳ער ווילדער שטימע, — אַז אַלע חיות זענען פֿון טוידט־שרעק ש׳עור אויף אַנ׳אָרט ניט געפֿאַלען. עס איז געוואָרען אַזוי שטיל, ווי אויף אַ בית־עולם... און דער לײב דונערט: — שטיל, געשווינגען זאָל ווערען, טרפה׳נע בײנער, בונטאָווש‍טשיקעס! ווער עס וועט זיך חאָטש נאָך אײנמאָל אָברופֿען, יענער וועט שוין פֿון אָרט ניט אַוועק. וואָס טראַכט איהר זיך דאָס? פֿאַר וועמען רעכענט איהר מיך דאָס? צי דען בין איך ניט קײן קיסר איבער אַלע חיות? איהר הערט, איבער אַלעמען? צי דען בין איך נאָר אַ שעפסען־בעשיצער, אַ ציגען־בעשירמער, אָדער נאָר די האָזען אַ פֿרײַנד, די הינער אַ טאַטע? צי דען זענט איהר אַלע: בערן, וועלף, טיגערס, אָדלערס, קאָרשונעס,—צי דען זענט איהר אַלע, פֿרעג איך, ניט אַזעלכע, און אפשר טאַקי נאָך בע־סערע אונטערטהאַנען מײַנע און קינדער, אײדער יענע; אָדער איהר מײנט אפשר, אַז איך האָב די קאָנסטיטוציע געגעבען נאָר מיט דעם ציעל, איהר זאָלט פֿון הונגער קראַפּירען און יענע אָבגערי־סענע גרין־געלע שלעפֿער זאָלען זיך גאָר אָהן שום שטערונגען פּרוכּפּערן און מעהרען? אַ שוטה איז יענער, ווער ס׳מײנט אַזוי!״

אַלע גזלנים האָבען פֿרײַ אָבגעטהעמט און גרינג זיך אָבגעזיפֿצט, דערהערענדיג, אַזעלכע גנעדיגע קײזערליכע רעד. זיי האָבען זיך אַלע אויפֿגעמונטערט, חאָטש זיי האָבען נאָך אפילו ניט געוואוסט, ווי אײגענטליך עס מײנט דער קיסר צו האַנדלען מיט דער דאָזיגער קאָנסטיטוציע, אַז אי די וועלף זאָלען זײַן זאַט, אי די ציגען גאַנץ. און דער לײב האָט פֿאָרטגעזעצט;

— הערט אויס אַלע און ווייסט, אין וואָס ס'בעשטעהט מיין ווילען! אינ'ם ערשטען אַרטיקעל פון דער קאָנסטיטוציע שטעהט אַזוי: „אַלע חיות זענען גלייך פאַר'ן געזעץ; און דאָס געזעץ — דאָס איז דער קיסר". און אָט, פון היינט אָן גיעב איך אַרויס אַזאַ געזעץ: אַלע גובערנאַטאָר-שטעלעס ווערען אָבגעשאַפט, און איהר אַלע ווערט בעשטימט אויף דינסט ביי מיר, איהר וועט בילדען מיין הויף, מיין אייגענע לייב-וואַך, מיין אַרמעע. אַלע איבריגע חיות ווידער זענען מחויב צו-צושטעלען פאַר מיר און פאַר מיין הויף מיטלען צום לעבען. און לאָמיר טאַקי איצט צונויפשטעלען אַ ביודזשעט, אַ חשבון פון הוצאה והכנסה הייסט עס, וויפיעל שפּייז עס וועט זיך אַלטעגליך פאָדערן פאַר אייך אַלעמען און פאַר אייערע פאַמיליעס; נאָכהער וועלען מיר דעם דאָזיגען ביודזשעט איבער-געבען אינ'ם חיות-ראַטה, וועלכער וועט איהם געוויס אָננעהמען, און דאַן וועט איהר אַלע לעבען גליקליך און אָהן זאָרג, ווי די גלחים, און איהר וועט זעהען, מיינע געטריינע, אַז ביי דער נייער קאָנסטיטוציע לעבט זיך ניט אין דעם ערך בעסער, איידער ביי דער אַלטער. וועט איהר דאָך פרעגען: ווי אַזוי? — איז די מעשה גאָר פשוט. ביז איצט האָט איהר אפילו געהאַט דאָס רעכט צו חאַפּען און איינצושלינגען יעדערן, וועמען איהר האָט נאָר געקענט בייקומען, אָבער דאָך פלעגט אייך דאָס ניט גרינג אָנקומען; איהר פלעגט מוזען לויפען, אָבהיטען דעם קרבן, פאַנגען, אָפט גאָר ביטער קעמפּפען און האָרעווען, אַנ'אַנדערש מאָל אפילו אויך הונגער ליידען. איצט אָבער איז צו דעם אַלעם געקומען אַ סוף. מיר וועלען פאַנאַנדער-לעגען און פאַנאַנדערטיילען אַלץ, וואָס דער ראַטה וועט אָננעהמען, צווישען בעזונדערע געזעלשאַפטען, און זיי וועלען שוין מוזען אונז אַלץ אַליין ברענגען און צושטעלען, אַלזאָ וועט פאַר יעדערן פון אונז איבערבלייבען נאָר איין וואונדער-ליך-גרינגע און אַנגענעהמע אַרבייט — צו געהמען און צו עסען אַלץ פאַרטיגע, טאַקע נאָר פאַר אונז צוגעגרייטע זיסע שפייזען... פער-שטעהט איהר שוין איצט, וואָס ס'בעדייט די נייע קאָנסטיטוציע?

די גזלנים זענען שיעור פֿון הויט ניט אַרויסגעשפּרונגען פֿאַר ווילהער שׂמחה, דערהערענדיג אַזאַ שכל'דיגען פּירוש אויף די קאָנסטיטוציע. ס'טײַטש, אין דער אמת'ן, — האָט יעדער אַ טראַכט געטהון, — אויב דער חיות-ראַטה וועט אָננעהמען אונזער ביודזשעט, דאַן וועט דאָך יעדערער פֿון אונז קענען זאָגען: וואָס הײַסט, איהר האָט דאָך אַלײן אָנגענומען, אַלײן דאָס געוועלט, טאָ ניט אויף אַזאַ'ן אופן מיט'ן גוטען ווילען. אויך דער קיסר וויעדער, איז דאָך דערפֿאַר אַ קיסר, אַז דער חיות-ראַטה זאָל אָננעהמען אַלײן, וואָס איהם, דעם קיסר, איז נאָר נויטיג און וואָס ער פֿערלאַנגט נאָר.

און אַלע האָבען אָנגעהויבען שפּרינגען און טאַנצען פֿון שׂמחה פּילדערען און ליאַרעמען, בּרומען און קוויטשען, און שרײַען אויף אַלערלײ טענער און אופנים: „עהרע, עהרע, עהרע אונזער קלוגע קיסר! און דערנאָך, נעהמענדיג זיך פֿאַר די פֿאָדערשטע לאַפּעס האָבען זײ גענומען טאַנצען פֿאַר'ן קײזערליכען טראָהן אַ טריאומ-פֿירענדען נאַציאָנאַלען טאַנץ, און אַ חאָר פֿון די בעסטע זינגער האָט אויפֿגעזונגען אין פֿיער און צוואַנציג שטימען דאָס בעריהמטע ליעד:

„פֿיעלע-לע-לע-לע, פֿיעלע-לע-לע-לע,
יאָה-רען-רען-רען, יאָה-רען-רען-רען,
פֿיעלע יאָהרען!"

עס איז גאָר ניטאָ וואָס צו רעדען וועגען דעם, אַז אַלץ איז פֿאָרגעקומען פּונקט אַזוי, ווי עס האָט פֿאָראויסגעזאָגט דער לײב. די בערן, די וועלף, די טיגערס, די ווילדע חזירים, די קאָרשונעס, די אָדלערס און אַלערלײ אַנדערע ווילדע חיות-גזלנים האָבען גרינדליך אויסגערעכענט וויפֿיעל שפּײַז עס איז נויטיג אַ יאָהר פֿאַר זײ און פֿאַר זײער משפחה מיט זײער צוקינפֿטיגען געזינדעל. פֿון אָט די חשבונות האָט דער קיסר געהײסען זײנע מיניסטאָרען צוזאַ-מענשטעלען אַ ביודזשעט, האָט צונויפֿגערופֿען אַ חיות-ראַטה פֿון דער גאַנצער מלוכה און האָט געזאָגט:

— נו, קינדערלך, איהר האָט אַ דאַנק גאָט, אַ נײַע קאָנסטי-טוציע. אָבער צי געפֿעלט זי איך?

געדרוקטען חשבון ; די דעפוטאַטען האָבען אַ קוק געטהון אין יענעם חשבון — און אַ פּראָסט איז אַריבער ביי יעדערן איבערן לייב . אָבער וואָס האָט מען דאָ געקענט מאַכען , איינמאָל האָט מען שוין דעם סוביעקט אָנגעשריבען שוואַרץ אויף ווייס , וואָס, זוען און ווען ער דאַרף געבען , און איינמאָל ווייס ער , אַז מעהר, וויפיעל מען האָט איהם געשטעלט, וועט מען פון איהם ניט פאָדערן.

— סעקרעטער , — האָט געזאָגט דער לייב , — לעז פאָר דעם ביודזשעט , עס קען זיין , ווער עס איז וועט וועלען רעדען וועגען דעם ענין !

דאַן האָט זיך אויפגעהויבען אַנ'אַלטינגקער — אַ לאַנג-אויערינגער עזעל — און געזאָגט :

— איך לעג פאָר צו בעפרייען דעם הערן סעקרעטער פון לעזען . מיר האָבען אַלע דורכגעלעזען דעם דאָזיגען ביודזשעט און מיר ווייסען , אַז אָהן אַ ביודזשעט איז אונמעגליך . מיר אַלע גלויבען און געטרויען אונזער קיסר און זענען גרייט פאַר איהם אויף אַלץ . דעריבער לעג איך פאָר דער פערזאַמלונג אָננעהמען דעם דאָזיגען ביודזשעט אָהן ויכוחים . ווער עס איז צופריעדען , זאָל אויפשטעהן .

אַלע זענען אויפגעשטאַנען . דער ביודזשעט איז אָנגענומען געוואָרען . פון דעמאָלט־אָן הערשט אין דער חיה'שער מלוכה אַנ„אמת'ר שלום ושלוה און אַנ„אמת'ע" רוה ...

– געפעלט, אייער קייזערליכע מאַיעסטעט! האָבען אויס-געשריען אַלע חיות.

— גוט, קינדערלעך, דאָס איז מיר זעהר אַנגענעהם, איצט אָבער הערט וואָס איך וועל אייך זאָגען. אַלע זענט איהר מחוייב זיי צו היטען, ווי דעם שוואַרץ-אַפּעל פון אויג, און אים פאַל פון אַ נויט—אָבגעבען פאַר איהר צאַלין, אַלין, וואָס איהר פערמעגט.

— יעדע מינוט זענען מיר גרייט דאָס צו טהון! — האָבען אין פאַטריאָטישער בעגייסטערונג אויסגעשריען די עזעלען, די אָקסען, די שעפּסען און די איבריגע בהמות.

מיר איז זעהר אַנגענעהם אייער פאַטריאָטיזם, — האָט גע-זאָגט דער לייב. אָה, גלויבט, אַז איך וועל איהם קענען שעצען. די קאָנסטיטוציע, וועלכע איך האָב אייך געגעבען און וועלכע וועט אין די קומענדיגע דורות פיעל כבוד פערשאַפען מיין רעגירונג, אָט די קאָנסטיטוציע איז מיר טייער, פונקט אַזוי ווי אייך, בכדי צו פערהיטען, ווי דאָס העכסטע הייליגטהום, און בעשיצען געגען יעדערליי בייזע שפּיצלעך און אָנפאַלען, אויסערליכע און אינער-ליכע, — בין איך ניט נאָר גרייט אַליין צו אַרבייטען טאָג און נאַכט, ניט זשאַלעווענדיג קיין שווייס און קיין בלוט, נאָר אויסער דעם האָב איך נאָך געגרינדעט אַ שטענדיגע וואַך, אונטער וועמענס שוין וועט יעדערער פון אייך, אַפילו דער שוואַכסטער, קענען שלאָפען רוהיג.

— זאָל דיר גאָט געבען לאַנגע געזונדטע יאָהרען, אונזער קלוגער און גנעדיגער קיסר! — האָבען אויסגעשריען אַלע חיות, האָטש שוין ניט אַזוי פרעהליך, ווי דאָס ערשטע מאָל. און דער קיסר האָט פאָרטגעזעצט:

— אָט האָט איהר אַ חשבון. אויף אויסצוהאַלטען מיך און מיין וואַך מוזט איהר געבען פרייוויליג דאָס, וואָס עס איז דאָ צוגעשטעלט, און איך בין אייך ערב, אַז איך גאַנצען לאַנד מיינעם וועלען איבּיג הערשען שלום און רוה.

זיי דיענער האָבען פאַנאַנדערגעגעבען אַלע חיות אַ נאָכ-

א. באגדאנאוו. עקאנאמישע לעהרע, (פּאָליטישע עקאָנאָמיע) בעאַרבייטעט דורך א. ש. זאַקס . . . . . . . . . 25 „

א. רייזען. ערצעהלונגען און בילדער . . 25 „

מ. גארקי. חברים און דער לעזער, איבערזעצט דורך ד"ר א. מאַרקאָף . . , . . 15 „

א. יצחקי. וואָהין געהען מיר? . . . . . 3 „

שלום אש. אין א שלעכטער צייט, (בילדער און ערצעהלונגען) . . . . . . . 30 „

א. באגדאנאוו. די שקלאפעריי, (צווייטעס העפט פון די עקאָנאָמישע לעהרע) בעאַר־בייטעט דורך א. ש. זאקס . . . . 15 „

נ. רובאקין. די לעצטע ערפינדונגען. בעאר־בייטעט דורך ה. ווירנין . . . . 20 „

יאהר—בוך „פּראגרעסס“. אַ זשורנאַל פיר ליטעראַטור וויסענשאַפט און קריטיק [illegible] בוך, רעדאגירט אברהם רייזען . . . . . . 75 ק.

ח'ה זעלדעס. ווינטער אבענדען, פּאָפּולער וויסענשאַפטליכע געשפּראָכען . . . . . . 25 „

קודריאווסקי. אדם הראשונים הדורות, אָדער די פאָרהיסטאָרישע צייט פון מענשען 25. „

א. יצחקי. פ. סמאלענסקין. זיין ביאָגראַפיע. 20. „

קאראבטשעווסקי. ערצעהלונגען וועגען ווילדע מענשען, איבערזעצט דורך א. ברעסלער 10. „

יאנישעווסקי. וועגען לופט, איבערזעצט דורך ד. פולם (ד. פינסקי) . . . . . . . 10. „

פאוולאוויטש. ווי האבען מענשען געלעבט? . . 10. „

אדרעססע פון פערלאג „פּראָגרעסס“

**Я. ЛИДСКІЙ,** Книжный Магазинъ, Варшава, Налевки




אין מיין בוכהאנדלונג איז צובעקומען ביכער פון היזיגע אונד אויסלענדישע אויסגאבען.

דער גרעסטער אויסוואהל

פון זשארגאנישע, וויסענשאפטליכע אונד בעלעטריסטישע ביכער.

הויפט־אגענט פון אַללע אַמעריקאַנישע אונד ענגלישע אויסגאַבען, אַללע סאָרטען לעהר ביכער, מעטאדעס צו ערלערנען העבראֶיש, רוסיש, דייטש, ענגליש פראַנצייז אונד שפאַניש. אידישע נאטען (מוזיק) פיר פיאַנאָ אונד פידעל, פון די פאָפולערסטע אידישע אָפּעראַס און סקאַרבאָווע נגונים.

פיללע סארטען טהעאטער שטיקע אונד פאלקס ליעדער.

פערשיעדענע סאָרטען אידישע בילדער אונד אנזיכטען.

פיעלע נייע מוסטערן אנזיכטס פאסט־קארטען שאָנסטער אינהאַלט, צום בילליגסטען פרייז. אייניגע סאָרטען יודישע אלבומס. אַ גרויסער אויסוואַהל פון וווינש קארטען פון 50 קאָפּ' פיר 100 שטיק ביז 75 קאָפּ' אַ שטיק.

אויך קען מען ביי מיר בעקומען אַלעס וואָס אַנבעלאַנגט צום ספרים געשעפט. אַלעס צוא די בילליגסטע פרייזען.

☞ בעשטעלונגען ווערען רעעל און פינקטליך ערפילט. ☜

א קאַטאַלאָג פון זשאַרגאָנישע ביכער ווערט אויף פערלאַנג פריי געשיקט

Книжный магазинъ Я. Б. ЛИДСКIЙ, Варшава, Налевки 36